געווידמעט רחל'ען
מיין באַגלייטערין אויף דעם לעבנס־וועג

# עם ישראל חי

# עם ישראל חי

(אַ מעשה אַזאַ...)

נאָך פון גאָר
די גרויע פריי־פאַרטאָגן,
אין אונדזער איצטיקער געשיכטע,
האָבן איבער הימלען
זיך געטראָגן וואָלקנס,
טונקעלע, געדיכטע.
געפּאַכעט האָבן ווילדע רוימער,
אין די ווייטע האָריזאָנטן,
מיט דער שאַרפער שווערד.
זיי געטאָפּטשעט האָבן איבער וועלדער,
פאַרניכטעט דאָרט די ביימער,
איבער סטעזשקעס, איבער שליאַכן
פון דער גאָרער וועלט.
עס האָבן קלאַנגען פון טרומייטן,
די ספערן פון דער לופט
געשפּאָלטן.
עס האָבן וואונדער־זיגן
זיי געטאָן באַגלייטן.
אַ מורא האָט געטריבן

די פעלקער פון ארום —
אין לעבער זיך באהאלטן.

די רוימער האבן דאן
פארכאפט אויך און פארשלונגען
דאס יהודה־לאנד, דאס קליינע.
ווי האזן ווילדע
זיינען פייער־פלאמען־צינגער
אומגעשפרונגען,
פונקט ווי אויף א לייטער ;
געגלעט מיט לאנגע פינגער,
איין גאס נאך א צווייטער.
דעכער זיינען ווילד געפלויגן,
איינגעפאלן זיינען ווענט.
עס האבן רוקנס זיך געבויגן,
עס האבן גאנצע שטעט געברענט.

דער ווינט, דאס אש
האט פריי צעטראגן,
באדעקט דעם קאפ פון דעם ארום.
עס האט די לופט
ניט אויפגעהערט צו קלאגן
פון דעמאלט אן...

ס'איז נישט געווען קיין כוח
און קיין זין,
פאר יהודה־לאנד
דעם קליינעם,

צו שטעלן זיך אנטקעגן.
קיין הילף דערוואַרט האָבן זיי
פון קיינעם.
זיך צונויפגעזאַמלט האָבן זיי,
פון דאָרטן און פון דאַנען,
איינגעלייגט דעם בוך אין זעקל,
דאָס פאַרוואָרפן אויפן אַקסל,
און אָנגעהויבן שפּאַנען
איבער סטעזשקעס,
איבער וועגן . . .

געווען איז טונקל דער אַרום.
די האָריזאָנטן שוואַרץ און שטום.
און דער הימל האָט געהאַלטן
אין איין שווייגן.
דער הונגער געבייזערט זיך
האָט אָפט אין ברוסט.
זיין כעס האָט אָנגעהויבן שטייגן,
נאָר באַלד צוריקגעפאַלן,
אַזוי מאַכטלאָז,
און אָנגעהויבן טליען...

פון לאַנד צו לאַנד
זיי האָבן אומגעוואַנדערט.
געזוכט זיי האָבן אַלץ אַ פּלאַץ,
אַוואו צו אויפשטעלן אַ וואַנט,
אַ דאַך צו איבערציען.
די ווינטן האָבן מיט אַ קעלט

געבלאָזן.
געדראָעט האָבן כמאַרעס
מיט אַ קאַלטן רעגן.
געגעלט זיך האָבן גרינע גראָזן.
די פּים צעבלוטיקט פון די שטיינער
אויף די סטעזשקעס,
אויף די וועגן...

עס האָט דער גאַנצער גוף געציטערט,
ווען די האַנט האָט אָנגעקלאַפּט אין טירן...
דאָס האַרץ געווען איז שטאַרק פאַרביטערט,
ווען ניט געקענט קיין ענטפער הערן.

דער וואַנדער־וועג האָט זיך געצויגן,
אין לענג, אין ברייט פון גאָרער וועלט;
עס זיינען פייגל, אויבן, ווילד געפלויגן,
די זון געשטראַלט האָט נאָר מיט קעלט.

* * *

אַ מאַרק־פּלאַץ,
אָנגעפילט מיט הויך־געשעצטע בירגער
פון דער פירנדיקער מאַכט.
פיל עלטערן און קינדער,
זיי האָבן אַלע זיך געשפּאַרט
צו דעם מיטל־פּונקט,
צו בייזיין אַ בייז־וואונדער...
געשטאַנען איז אַ צלם

אין דער מיטן,
אַ שוואַרצער און אַ זאַטער,
באַפּעסטיקט שוין מיט יאָרן
פון זיין גאַנצער מאַכט...
ער אָנגעוואָרפן האָט
אַ מורא און אַ ציטער.
מען האָט מיט אומגעדולד געוואַרט.
עס האָבן לאַנגזאַם זיך געצויגן
די סעקונדן,
עס איז דער „אָפּגאָט"
אַ געקרייציקטער געהאָנגען;
און געדאַכט האָט זיך,
אַז געטריפט
דאָס רויטע בלוט האָט
פון די פרישע וואונדן.

עס האָבן זיך געטראָגן
פון דער ווייטן
אָרגל-קלאַנגען.
זיין קאָפּ געווען איז
צו דער ברוסט געבויגן,
זיין מויל צעעפנט,
ווי אין מיטן אַ געשריי.
דערציילט עס האָבן זיינע אויגן
פון פּיינונגען און ווי.
אונטער זיינע פיס,
אין דער לענג און אין דער ברייט,
איז געווען אַ ליילעך אויסגעשפּרייט,

פון היים־צעגליטע קוילן.
עס האָט אומגעשוועבט
אַ פלאַם, אַ בלויער,
ליב און ווייך זיי געגלעט...
פייער־פונקען
האָבן זיך געהיצט,
געשפרונגען און גערעדט...
פלוצלונג —
מען האָט אַריינגעשליידערט
אויף דעם אויסגעשפרייטן פריסיק,
וואָס האָט געהאַלטן אין איין זידן,
פאַרשלייערט מיט אַ יאַרמעלקע
אַ יידן...

זיינע פיס, די באָרוועסע,
האָבן אָנגעהויבן טאַנצן...
„שמע ישראל" —
ציטערדיק און היציק,
געמורמלט האָבן ליפּן,
אויגן האָבן ווילד און ביטער
געטאָן גלאַנצן...
דערציילט זיי האָבן
די גיהנום־גרוילן...

פריי געמישט זיך האָט דאָס בלוט
מיט די רויטע קוילן.
זיך טיף געשלענגלט צו דעם באָדן,
זיי געוואָלט פאַרלעשן,

זיי געוואַלט פאַרטרינקען...
נאָר באַלד —
דער גאַנצער גוף
האָט אָנגעהויבן זינקען.
מיט געוואַלד, דעם קאָפּ פאַרדרייט,
אַוועק פון אָפּגאָט,
פון דעם צלם,
וואָס געשטאַנען אַזוי גרייט,
זיינע וואונדן באַלד צו היילן.
דער ייד האָט ניט געקאָנט
זיך ווענדן
מיט בקשות און רחמים
צו אַ טויטן שטיין —
אַ גאָט, אַ פרעמדן...
דער ייד האָט הויך געהויבן זיינע הענט,
זיין לייב אויף שייטער־הויף
פאַרברענט,
אין אַ תקופה אַ געשענדטע...

געבליבן זיינען דאָ אַליין,
אין טיפן טרויער און געוויין
די פאַרבליבענע מאַראַנען...
עס שפּאַרט אין ברוסט אַ וויי;
און ערגעץ הערט זיך
אַ פאַרדומפּענער געשריי,
ווען מ'טוט עס אַליץ דערמאַנען...
מען האָט פאַרקנופּט דעם בוך
אין זעקל,

און אָנגעהויבן שפּאַנען
איבער סטעזשקעס,
איבער וועגן...

* * *

די פרימאָרגנס טוקן זיך
אין די פאַרנאַכטן,
עס טרייבט דער ווינט
די וואָלקנס, די געדיכטע.
עס ווייסט די צייט אַליין נישט
פון דעם שפּעטער וואָס דערוואַרטן,
וואָס אַזוינס אַרייַנצוקריצן
אין בוך פון דער געשיכטע.

עס האָבן וועגן זיך געצויגן
אין די פרעמדע ווייטן.
עס האָבן סטעזשקעס זיך צעשפּאָלטן
און צעשפּרייט.
פאַרזייט זיך האָבן זוימען
אין אַ באָדן, אַ באַנייטן,
נאָר קיינער האָט די וואונדן
אין הארצן ניט פאַרהיילט.

מען וואָגלט אום, אַזוי פּאָר דורות,
נע־ונד,
די פיס צעבלוטיקט,
נאָר מען שפּאַנט.

עס טרעפט, אז אין טאָל, דאָרט ערגעץ,
אויסער שטאָט,
מען שטעלט אוועק א וואַנט,
א דאַך ווערט באַלד פאַרצויגן;
מען רופט עס אָן א „היים".
יאָרן ווערן דאָרט פאַרפלויגן,
מיט לייב און לעבן,
און געביין.
און באַלד א רבי,
און א חדר,
אזוי פון יאָרן שוין כסדר,
וואו מען שטעלט אריין דאָס קינד.
דער רבי קלאַפט אין קאָפ די תורה,
אויך אויף פאַפּיר מיט פען און טינט.
„שנים אוחזין בטלית"...
דער רבי שאָקלט זיך געשמאַק.
און ווען דער תלמיד ווייסט פון אַלעס,
קריגט ער באַלד א קניפ אין באַק.
דער טאַטע לויפט אַרום און האַנדלט.
דער יאָריד, ער ברומט און רוישט,
צווישן פויערים ער וואַנדלט,
פאַר דעם ברויט זיין סחורה טוישט.
ער קומט צוריק אהיים אויף שבת.
אין הויז איז ריין און ציכטיק אַלעס.
אָבער...
ווען דאָס לאַנד איז פול מיט זאָרגן,
און דאָס פאָלק איז אומצופרידן.
אין יעדן פאַל,

עס מוז די שולד דאָרט זיין פאַרבאָרגן,
דאָרטן ערגעץ,
ביי דעם יידן...
זיי קומען דאָן,
אין גאַנצע מחנות,
זיי רויבן, שענדן,
און צום טויט זיי שלאָגן,
דאָס גאַנצע שטעטל זיי פאַרברענען.

עס בלייבן שטום די האָריזאָנטן,
עס האַלט די לופט נאָר
אין איין קלאָגן:
און קומען זאָל די הילף פון וואַנען?
דעם בוך פאַרצויגן אין דעם זעקל,
און אָנגעהויבן שפּאַנען
איבער סטעזשקעס,
איבער וועגן...

* * *

עס רופט דאָס לעבן מיט אַ קראַפט,
עס ווינקט צו דיר מיט אַזוי פיל ברכות.
פאַר זיי גייט שטענדיק אָן אַ קאַמף!
דו זאָלסט ניט אָפּשטיין — עס באַשאַפט
פאַר דיר פאַרשיידענע מלאכות...

דאָס געוואַנט איז ווייך און עס רעדט,
עס לויפט די נאָדל און זי שפּרינגט;

און די נויט איז זייער ביטער.
מען דרייט, מען ציט דאָ און מען גלעט,
דאָס לידל טרויעריק זיך זינגט;
אַזוי ווערט פאַרטיק אַ גאַרניטער.

די פּאָדעשווע, ווי אַ שפּיגל, גלאַנצט,
אַזוי בויגעוודיק און גלאַט,
מען קען אָנשרייבן אַ בריוול...
דער האַמער, פריילעך, אויף דעם טאַנצט,
די פּלעקלעך זיינען שוואַך און מאַט,
נאָר באַשאַפן ווערן אַ פּאָר שטיוול!

ער זאָגט: „גוט מאָרגן" דעם פּאַרטאָג.
ער קנעט דאָס טייג און דאָס צעשפּרייט,
דערביי ער בענטשט עס זייער איידל.
ער וועגט די בולקעס אויף דער וואָג,
ער הייצט דעם אויוון, מאַכט אים גרייט,
צו באַקן אין אים ברויט און בייגל.

ער האָט אַ טאָכטער און אַ זון,
אויך זיין פרוי שטייט ביי דער זייט.
מען שלעפּט אַזוי דעם שווערן וואָגן,
מען וואַרפט דאָ אַלץ אַריין אין קאָן.
זיך ציט דער פאָדעם שוין פון ווייט,
ניט שייך איז זיך צו באַקלאָגן.

אמת איז, מען אַרבעט שווער,
זונטיק, מאָנטיק, די גאַנצע וואָך.

עס וואַשט דער שוויים אָפּ זיי אַלע,
נאָר עס קומט מיט פרייד אַ טרער,
ווען דער טאַטע זינגט דערנאָך:
„לכה דודי לקראת כלה!"

* * *

אַ באַנדע, דורכגעפּרעסענע מיט האַס,
און בלינד אין זייערע געדאַנקען.
די גאַנצע שטרעבונג — אַ חולאת,
פאַרפּילט מיט מערדערישן כעס,
צו זיי פון לעבן די געשאַנקען.

צום ייד די שנאה האָט געברענט,
זייער גאַנצער „זיין" געטאָן האָט ברענען,
און כאָטש דער ייד געוועזן זיי פרעמד,
אים ניט געוואוסט און ניט געקענט,
זיי ניט געוואָלט אים אָנערקענען.

זיי האָבן אין געהיים געשפּינט
די שוואַרץ-טייוולשע געדאַנקען.
צום סוף, געכאַפּט אַ גויאיש קינד,
צעשניטן אים דעם האַלדז געשווינד—
און דאָס געוואָרפן הינטער פּאַרקן.

צעקלינגען קלאַנגען אין דער שטאָט,
אין נאָמען פון דעם קייסער —

אַז דער ייִד, רעב משה, האָט
געקוילעט צו יעהאָוואַ־גאָט,
און מצה־בלוט פאַרמישט אויף פּסח.

משה'ן האָט מען באַלד פאַרשפאַרט,
פאַרריגלט הינטער אים דעם טויער.
דער טאָג געוואָרן איז באַלד נאַכט,
געוועזן פאַרפייניקט און פאַרשמאַכט —
אַלע יידן אין אַ טרויער.

עס האָט געצויגן זיך דער משפט לאַנג,
עס האָט געוואונקען פרעך די מורא,
דעם באַשולדיקטן, דאָרט, אויף דער באַנק.
און פאַר דעם ריכטער, אין געדראַנג,
געיאָגט זיך האָבן די גמרא מיט דער תורה.

און מען האָט באַוויזן דייטלעך, קלאָר:
דער ייִד איז ניט קיין מענטשן־פרעסער,
אַז קיינער צווייפלט ניט, קיין האָר,
אַז מאָרד און שנאה איז אַ פּאָר.
דער „מענטש" ביי יידן שטייט פיל גרעסער.

מ'האָט משה'ן באַלד דערנאָך באַפרייט.
עס טוט אים וויי, דאָס אַלץ דערמאָנען...
דעם בוך אין האַנט ער האָט באַנייט,
צו האָריזאָנטן, אין דער ווייט,
ער איז אַוועק מיט גרויסע שפּאַנען...

* * *

יהודה־לאַנד — אַן אַלטער טרוים,
דעם טרוים, מען האַלט אין איין באַנייען!
פאַרפלאַנצן דאָרטן כאָטש אַ בוים...
און יעדעס יאָר, זיך ענדיקט קוים —
„לשנה הבאה בירושלים”!

עס ווינקט און רופט פון דאָרט דאָס לאַנד,
ווי שטערן־בלישטשענדיקע פאַרבן.
מיט ליבשאַפט נעמט מען אין דער האַנט,
און מען גלעט אַזוי די זאַמד,
אַהער, ווען אַלטע קומען שטאַרבן...

און אויך די יונגע, מיט אַ קייט,
פאַרבינדן זיך צוזאַמען.
די חלוצים זיינען גרייט,
אַזוי זיך, ווי מען שטייט און גייט,
אַוועק צו יענעם לאַנד פון דאַנען.

און אויך דער קרן־היסוד,
פול מיט הייליקע מחשבות,
קומט צו הילף זיי מיט גענאָד,
און ווי עס זאָגט זיך אין געבאָט:
קויפט דאָס לאַנד, וואָס האָט באַלאַנגט
צו זייערע אַלטע אָבות.

* * *

אין גלות,
ווען די פירער, נאָכאַנאַנד,

האַלטן אין איין רויבן,
דאַן טרוקן, געל עס ווערט דאָס לאַנד,
פאַרטוכלעט ווערט די ווייסע וואַנט,
און פאַרהוכקעט ווערן שויבן...

דער הונגער, פריי אַרום, שפּאַצירט,
ער פריילעך טאַנצט אַרום אין גאַסן,
ער קינדער ביי די הענטלעך פירט,
די פּנימלעך מיט בליי פאַרשמירט,
אַ צודעק ער פאַרשפרייט אַ בלאַסן.

עס טליעט ביי דעם פאָלק אַ וויי,
מען הייבט דאַן אָן זיך צו באַקלאָגן.
און דאָ און דאָרטן אַ געשריי.
מען טוט דעם שפּאַן דאָ אַ פאַרדריי,
מען שטעלט דער מאַכט זיך באַלד אַנטקעגן.

מען צינדט אַ פייער און עס ברענט,
די וואַסערן אין קעסלען זידן...
נאָר דער אמת ווערט דאָ באַלד געשענדט,
און מען צייגט אָן מיט די הענט,
מען וואַרפט די שולד גלייך אויף דעם יידן.

מען רופט אַרויס אַ ווילדן כּעס,
מ'דערוועקט פאַרשלאָפענע געפילן.
עס לויפן חיות אויף דער גאַס,
די ערד מיט בלוט ווערט רויט און נאַס ;
דעם וואולקאַן מען קען ניט שטילן...

* * *

דאָס לאַנד, מיט גאָר אַ הויכער ווערט,
געווען וואָס מיט קולטור דערהויבן;
פון גאַנצער וועלט מיט לויב באַערט,
מיט חכמה און מיט גליק באַשערט,
ס'האָט קיינער ניט געקענט זיך גלויבן...

דאָס לאַנד פון שילער און פון באַך,
דאָס לאַנד פון ליבקנעכט אידעאַלן,
געווען וואָס תמיד אויף דער וואַך,
זאָל מגולגל ווערן אין אַ „דריטן רייך,"
און נידעריק אַזוי צו פאַלן.

מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט,
ווי שאָף זאָלן נאָכפאָלגן אַ „פירער",
וועלכער קראַנק איז, אָן פאַרשטאַנד,
דאָך האָט אַלעמען אין לאַנד
געמאַכט צו ליידן, ווי מאַרטירער.

זעקס מיליאָן, אין איין דור,
לעבנס יידישע פאַרשניטן.
עס שרייט אין דיר: „ס'איז נישט וואָר!"
נאָר עס קוקט אין פנים, אַזוי קלאָר:
דער פאַרלוסט איז פונקט אין מיטן...

זיי האָבן:
די האָר, ביי די פרויען, פון קעפּ
מיט דעם שאַרבן אָפּגעריסן,

אין בערשטלעך פאַרשטעפּט,
מיט קליי צונויפגעקלעפּט,
די ציין, אין מויל, צווישן...

אויפגעבויט גאַנצע שטעט
און אין די שטעט פאַבריקן,
וואו סם דעם אָטעם האָט געגלעט;
וואו טויט מיט לעבן, אין געוועט,
געהאַלטן לונגען אין דערשטיקן.

זיי האָבן:
צעריבן ביינער אין אַ קרייד,
און אַלערליי פאַרמישט אין פאַרבן.
אַ ריפּ געשניטן פון אַ זייט,
צו אויסגעפינען דעם באַדייט
פון דעם „לעבן און דעם שטאַרבן"...

געשונדן האָבן זיי די הויט
פאַר לאָמפּן־אַבאַזשורן,
זיי באַשמירט מיט בלוט, פריש־רויט,
נאָך ווען דאָס לעבן מיטן טויט
געטאָן זיך האָבן פאָרן...

דער היטלער־געץ, ימח שמו!
דער האַר פון שבעה מדורי גיהנום,
געוואַלט באַהערשן האָט די וועלט, געניי.
די גאַנצע מענטשהייט האָט געקרעכצט אַזוי —
דער אוניווערז געטאָן האָט ברענען...

ביז געקומען איז דער טאָג,
ווען „מזרח״, „מערב״ פון דער וועלט,
זיך האָבן אין אַ בונד פאַראייניקט,
אַ שטראַל פון ליכט האָט זיך צעהעלט,
מיט געמיינזאַמע כוחות זיך געשטעלט,
און די צרעת אָפּגערייניקט...

דער ריח שמאַרצט נאָך אין דער נאָז,
פון די לייבער די פאַרברענטע.
עס זאָל ניט וואַקסן דאָרט קיין גראָז!..
עס זאָל זיך שרעקן דאָרט אַ האָז,
פון די קולות די געשענדטע!

פאַרגעסן זאָל מען קיינמאָל ניט!
די וועלט מוז אייביק דאָס געדענקען!
די גרויסע שחיטה... דעם שטאַרקן שניט
פאַרגעבן זאָל מען קיין מאָל ניט!
מחילה קיין מאָל זיי ניט שענקען!

* * *

דער ייד, דערשלאָגן אין זיין מוט;
און קומען וועט די הילף פון וואַנען?
ר׳האָט פאַרלאָרן אַזוי פיל בלוט...
האָט ער אָנגעהויבן שפּאַנען
קיין יהודה־לאַנד פון דאַנען.

און דאָ... נאָר בערג און טאָלן אומעטום;
אַ מדבר, מיט אַזוי פיל שטיינער,

מיט אַלטע שכנים דאָ אַרום.
און דער „שפּעטער" שווייגט זיך שטום...
נאָר דער הימל איז אַ ריינער.

פֿאַרקאַטשעט אַרבל אויף די הענט,
מען רייניקט אָפּ דעם באָדן.
די אַרבעט, פּשוט, פֿלאַמט און ברענט.
און פֿון די שטיינער מאַכט מען ווענט,
עס זאָל גאַרנישט גיין צו שאָדן.

מען גראָבט קאַנאַלן אין דער ערד,
מען ציט דאָס וואַסער פֿון דעם ירדן,
נאָר ביי דער זייט, מען האַלט אַ שווערד
און אייביק טרייהייט דאָ מען שווערט
דער פֿאָן מיט ווייס און בלויע פֿאַרבן.

מען אַרבעט זייער, זייער שווער,
נאָר עס גרינט אין ווינקל יעדן.
אַמאָל דאָס אויג פֿאַרלירט אַ טרער —
נאָר מען אַרבעט נאָך און מער,
און עס באַשאַפֿט זיך אַ גן־עדן...

* * *

אין דער זעלבער צייט, אין גרויסן זאַל
פֿון די פֿאַראייניקטע מלוכות,
דערהערט זיך אַ טרומייטן־שאַל,
עס צעטראָגט זיך איבעראַל,
עס ווערט פֿאַרקריצט באַלד אויף די לוחות.

נאָך פיל באַראַטונג הינטער ווענט,
און דעם פּרוכת פון דער בינע —
צו היילן וואונדן, וואָס היטלער האָט געברענט,
זיי האָבן אָפן אָנערקענט:
דאָס לאַנד ישראל — אַ מדינה!

די זון האָט זיך מיט פרייד צעשיינט,
דאָרט אויבן, מיט אַ טאָג אַ נייעם.
געקומען איז אַ נייער היינט
פאַר יעדן ייד, מיט זיינע פריינט,
צו טרינקען אַ לחיים!

אין לאַנד איז יום־טוב און מען זינגט,
נאָך קיינמאָל ניט ווי איצט — דערהויבן.
מען טאַנצט אַ „האָראַ" און מען שפּרינגט.
עס ווערט אַלץ קלאָר, אַזוי „דיסטינקט"
און שטאַרקער ווערט אין ברוסט דאָס גלויבן.

מען שיקט די קינדער אין דער שול,
די שול טוט אַלעם זיי דערקלערן:
די ווערט פון היינט און פון אַמאָל.
און ס'קומט פון דאָרט אַרויס אָן אַ צאָל
דאָקטוירים, אינזשענירן.

מיט וויסן בויט מען דאָס לאַנד,
דעם גאַנצן טאָג, פון דעם באַגינען.
די שכנים קוקן, אָן פאַרשטאַנד...
אין מויל מען האַלט די גאַנצע האַנט —
און זיי קאָנען ניט פאַרגינען...

זיי האָבן דאָ אַ לעבן אָפּגעלעבט,
דערזעלבער מדבר איז געבליבן,
געמאָלקן אויך די־זעלבע ציג,
דעמזעלבן קעמל אומגעשלעפּט,
און אויך דעם אייזל אומגעטריבן.

און ווידער דאָ, ווי דאָרט, אַמאָל,
די שכנים זיינען ניט צופרידן...
זיי זאַמלען זיך אַרום אָן אַ צאָל,
מיט געווער פון פלאָם און שטאָל;
די שולד זיי וואַרפן אויף דעם ייִדן...

זיי האָבן זיך אַזוי צעשפּרייט,
אויף בערג, אין טאָלן, אין קאַנאַלן,
אַרומגערינגלט מיט אַ קייט,
זיי געשטאַנען זיינען גרייט —
דאָס ישראל־לאַנד באַפאַלן.

זיי האָבן הויך געשריען אויף אַ קול,
געדראָעט און געטאָן צו שרעקן.
אויף געזיכט געציטערט האָט דער גרויל,
די שנאה האָט געברענט מיט שוים אין מויל,
צום קאַמף געטאָן זיי האָבן וועקן.

אַז גרייט זיי זיינען שפּרייטן סם,
אין אַלע שטעט, אויף אַלע גאַסן,
פאַרברענען היימען מיט׳ן פלאַם,
צו וואַרפן קינדער אין דעם ים,
פאַרניכטן די ישראל־מאַסן.

און זיי געשריען האָבן הויך:
„נעמען וועט אַ סוף צו אייך,
פון היינט אָן און אויף שטענדיק.
ס'וועט אָפּשווענקען דער ירדן טייך,
דאָ אַלעס, וואָס דער דריטער רייך,
האָט פריער מיט יאָרן ניט פאַרענדיקט"...

* * *

עס האָט געזעגנט זיך די נאַכט,
דער הימל געזשאַריעט האָט צו טאָגן.
פאַר די שונאים אומדערוואַרט,
האָט אין לופט זיך אַ הויב געטאָן אַ מאַכט,
אויף פליגלען זיך אָנגעהויבן טראָגן...

עס טראָגט די מאַכט זיך צו דעם ים,
נאָר באַלד צוריק, די פליגל טוט פאַרדרייען...
זי וואַרפט אַראָפּ דעם פייער־פלאַם,
פונקט אין מיטן האַרץ אַריין —
פון דעם שונא'ס הינטער־רייען.

און אָן אָן אָפּשטעל, אָן אָן ענד,
פאַר גאַנצע זעקס מעת־לעתן.
דער שונא שטרעקט אַרויף די הענט...
ער ווייסט: פון אויבן איז געווענדט
מען זאָל אים שוין פאַרגעסן...

דעם שונא'ס מאַכט, זי ליגט אין שאַנד....
אַזוי פיל טאַנקען, עראָפּלאַנען!

ברוכוואַרג . . . מתים אויף דעם ראַנד . . .
צעשפּרייט אין רייען אויף דעם לאַנד,
זיך ציען דאָרטן און פון דאַנען . . .

עס שוועבט אַ פאַרע, אַזוי פריי,
דורך דעם רויך דעם געדיכטן.
אַ בת-קול רופט דאָרט,
דורך די לופטן-שיכטן,
דער רוף איז אַלט,
נאָר אייביק ניי:
„עם ישראל חי"!
„איר וועט אונדז קיינמאָל ניט פאַרניכטן!"

* * *

איצטער —
מוזן קומען ווייסע טויבן,
אין די מיילער גרינע בלעטער,
די געפילן צו דערהויבן,
צו דערוועקן באַלד אַ גלויבן
אין דעם לעבן, אין דעם שפּעטער.

די בייזע הינט, ווייט פאַרטרייבן,
און אַלע שכנים, ווי נאָר ברידער,
פריינט אויף שטענדיק צו פאַרבלייבן.
צוזאַמען ברויט פון פעלדער קלייבן,
צוזאַמען זינגען הויכע לידער.

דאַן פֿעט דאָס גאַנצע לאַנד וועט זיין,
פֿיל האָניק וועלן בינען געבן,
די טרויבן, צייטיק, פֿול מיט וויין,
ליכטיק־העל וועט זיין די שיין,
און האָניק־זיס דאָס גאַנצע לעבן.

דער ווינט פֿאַרטרייבן וועט דעם נעכטן —
געוועזן איז דאָס אַ בייזער חלום...
דעם היינט די זון וועט העל באַלייכטן,
אויך דעם מאָרגן, דעם באַשערטן,
מיט אַ לעבן פֿול מיט שלום!

***

לאָס אַנגעלעס
יוני, 1967

# די נעגערס

(אַ פראַגמענט פון דער „ערדישער וועלט")

... עס האָבן די שטרעקעס
פון לאַנד זיך געצויגן
צו דרום, צום קלאָרן,
אַזוי טיף, אַזוי ווייט.
דעם שטח שפּאַצירן
פאַרן בליק פון די אויגן,
גענומען וואָלט דורכאויס
גאָר זייער פיל צייט.

זיי האָבן פאַרגרויזעט
דאָס לאַנד דאָ מיט דראָטן;
דאָס אייגנטום זייערס
זיי האָבן פאַרצוימט.
און רייך איז געוועזן
דאָס לאַנד, און דער באָדן:
פיל מער פון דעם
וואָס זיי האָבן געטרוימט...

צום אַקערן פעלדער,
פאַר זייען און שניידן,
גאַנץ ווייניק. און קאַרג
געווען זיינען הענט.
און באַלד ווי אַ טרויעריקן
דורכפאַל פאַרמיידן,

נאָך הילף זיך געווענדעט
צום שוואַרץ־קאָנטינענט...

* * *

מען האָט זיי געכאַפּט
אין פּילצאָליקע מאַסן,
אין ליכט פון דעם טאָג,
אין טונקל פון נאַכט;
מען האָט זיי געכאַפּט
אין דער מיט פון די גאַסן,
אין היימען, ווען געווען
די טיר איז פאַרמאַכט...

דעם טאַטן געשלעפּט
פון די הענט ביי דער מאַמען,
געהאָלפן עס האָט ניט
קיין טרערן־געוויין.
די צווייגן געבראָכן,
אַוועק פון די שטאַמען —
ביים היצעל דאָס האַרץ
ז'געווען ווי אַ שטיין...

מען האָט אָפּגעריסן
דעם זון פון דעם טאַטן.
און מיטלייד־געפילן
ניט געהאַט קיין שום ווערט;
געפירט האָט מען צו די
פאַראייניקטע שטאַטן
די נעגער, ווי שאָף,
צום פאַרקויפן פאַר קנעכט.

מען האָט זיי אַנטבלויזט גאָר
צו שפּאָט און צו שאַנד,
געשטויסן אויף אַ
נידערטרעכטיקן אופן,
געשטעלט אין דער ריי,
ווען מען האָט צו דער וואַנט,
כדי צו פאַרשקלאַפן,
אויף אייביק פאַרקויפן.

די מוסקולן געדריקט און
דעם דופק געטאַפּט,
און טיף אין שוואַרצאַפּלען
געקוקט פון די אויגן.
מען האָט מיט די פינגער
אין ברוסט אָנגעקלאַפּט,
דאָס מויל אונטערזוכט:
צי די ציינער נאָך טויגן.

באַזונדער געשעצט האָט מען
אַ יעדערן קאָפּ.
געקלאַפּט מיט די הענט,
זיך געאַמפּערט, געדונגען.
אַ דאָלער אַרויף און
אַ דאָלער אַראָפּ —
באַשטעטיקט עס האָט פון
אַ גלעקל דאָס קלינגען...

און זייערע שקלאַפן,
זיי האָבן געבראַכט

צו זייערע הויפן,
די גרויסע, די ברייטע:
צו אַקערן פעלדער,
וואָס האָבן געוואַרט,
צו שניידן דאָס ברויט
פון פעלדער פאַרזייטע.

די שקלאַפן באַזעצט
ביי דער הינטערשטער טיר
פון זייערע גרויסאַרטיקע
היימען־פּאַלאַצן;
באַפאַרבט מיט דעם ליכט
פון דער זון אָן אַ שיעור —
דאָס האַרץ ביי די שקלאַפן —
דאָס שוואַרצע צו פּלאַצן...

פון גרויע פאַרטאָגן,
ביז שפּעט אין דער נאַכט,
מען האָט צו דער אַרבעט
געיאָגט און געטריבן.
דאָס דענקען ביי די שקלאַפן
פאַרטויבט, אָפּגעשוואַכט;
צו כאַפּן דעם אָטעם
קיין צייט נישט געבליבן.

זיי האָבן געפיטערט
די שאָף אויף די פעלדער,
זיי האָבן די אויפזעער
געהאַט אויף די פערד;

געזען, אַז פּעט
זאָלן ווערן די קעלבער,
און שטענדיק עס זאָל זיין
נאָר פרוכטבאַר די ערד.

זיי האָבן די צווייגן
פוןביימער געזעגן.
געדיכט האָט געדרעוועט
פון ווייטיק דער וואַלד...
געלייגט האָבן זיי דאָרט
פאַר מענטשן די וועגן,
פאַרהאַרטעוועט זיי
מיט צעמענט און אַספאַלט.

און אונטער דער אויפזיכט
פון וואַכנדע אויגן,
זיי האָבן געשלעפּט
און געטראָגן דעם יאָך.
זיי האָבן די רוקנס
געשטרענגט און געבויגן
אָן אויפהער, אין אַלע
די טעג פון דער וואָך.

מיט מוטערשער ליבשאַפט
די קינדער דערצויגן,
די קינדער, די ווייסע,
פון זייערן האר;
און ווי די שוואַרצאַפּלען
פון זייערע אויגן,

די קינדער, די ווייסע,
באַהיט פון געפאַר.

די שקלאַפן, די שוואַרצע,
זיי האָבן געגרייט
די בעסטע מאכלים —
גאָר ניט אָפּצושאַצן;
זיי האָבן דעם עס־טיש
מיט כל טוב פאַרשפּרייט,
נאָר אָבער אַליין ניט געטאָרט
ביים טיש זיך צו זעצן.

„באַזונדער אַריינגאַנג"
„אַרויסגאַנג באַזונדער" —
עס דיר רעקלאַמירט
אומעטום נאָר אַ שילד.
און אויך אין דער הויז,
וואו מען לויבט האַרט גאָטס וואונדער,
עס ווערט דער געזעץ
אַזוי פּינקטלעך דערפילט.

באַזונדערע וועגן
פאַר שוואַרצע צו טראָטן,
באַזונדער צו עסן,
צו ציען די צייט.
„אָט־דאָ — נאָר פאַר ווייסע",
„פאַר שוואַרצע פאַרבאָטן",
געזעלשאַפטלעך זיי נאָר
צו שטיין ביי דער זייט.

עס האָבן די יאָרן
זיך לאַנגזאַם געצויגן,
און די האָריזאָנטן
געוועזן זיינען שוואַרץ;
עס האָבן די טרערן
געברענט אין די אויגן,
נאָך פרייהייט, אָן אויפהער,
געבענקט האָט דאָס האַרץ.

... און אָפט האַרץ־רייסנדע
טרויער־געזאַנגען
צעשטערט האָט די רו
די פאַרחלומטע נאַכט.
פון פאָלק, פון אַ היים,
וואו מען האָט זיי געפאַנגען,
און אויך פון דעם לאַנד
וואו מען האָט זיי געבראַכט.

* * *

צו מזרח־זייט פון די
פאַראייניקטע שטאַטן
געבליט מיט פרילינג,
און זומערדיק ליכט,
אפילו אין האַרבסט;
און אין ווינטער־מאָנאַטן
דאָס לעבן מיט אימפעט
פאָראויס אָנגעפירט.

עס האָט ווי אַ קעסל
געקאָכט און געזאָטן,
געמישט האָט אַ לעפל
פאַרכישופטע האַנט.
מ'האָט לעכער געגראָבן
און באַלד זיי פאַרשאָטן;
געשטעלט אויף דעם פּלאַץ דאָרט
אַ שטיינערנע וואַנט.

ווי בינען אין בינשטאָק,
גערוישט האָבן מאַסן.
געלאָפן, געיאָגט זיך,
ווי כוואַליעס אין טייך.
עס האָט אויסגעשיילט זיך
פון זיי באַלד צוויי קלאַסן —
צוויי מעכטיקע קלאַסן
פון אָרעם און רייך.

און באַלד פיל פאַבריקן
מען האָט אויסגעבויט
ווי קאָרטן — אַ שטאָק אויף אַ שטאָק
אויפגעשטעלט.
דאָרט מאַסן צו שקלאַפן
מען האָט אַנגעטרויט,
פאַרבייטן דאָס זאַל
אויף פּראָפיטן און געלט.

צו זויגן דאָס בלוט
פון דעם טאַטן, דער מאַמען,

איז צייטיק געוואָרן,
און גאָר שוין ניט מיאוס.
פון ברודער, פון שוועסטער,
פון אַלע צוזאַמען —
דער שוויים, דער נאַסער,
געווען אַזוי זיס . . .

עס זיינען פּראָפּיטן
אַלץ העכער געשטיגן.
פון גאָלד און פון זילבער
געשאַפן אַ קרוין
פאַר יענע, וואָס האָבן
די רעדער געטריבן —
באַפרידיקט עס האָט בלויז
אַ נישטיקער לוין.

עס זיינען די רעדער
אָן אָפּשטעל געלאָפן,
ס'האָט שנעל זיך געצויגן
דער גומענער פּאַס.
מיט טיפער פאַרצווייפלונג
געקוקט האָבן אויגן,
געטליעט אין ברוסט האָט
אַ היציקער האַס.

* * *

און שווער האָט געשלעפט זיך
פון „פרייהייט" דער וואָגן

ביי שקלאַפן אין דרום,
אין חלום, אין טרוים.
ידיעות פון מזרח
דורך לופטן צעטראָגן,
געבראַכט האָט דער ווינט
פון אַ „טעגלעכן" לוין;

אַז דאָרטן איז ווירקלעך
פאַראַן אַ גן־עדן...
מען אַרבעט בייטאָג
און פריי אויף־דער־נאַכט.
מען מוז מיטן „היינט"
און פון דאַנען זיך שיידן,
ווייל דאָרטן אויף מזרח
די „פרייהייט" דערוואַרט.

דורך אונטערערדישע וועגן
זיי זיינען געלאָפן.
מען האָט פיל געכאַפּט
און געבראַכט זיי צוריק.
אין גאַס, אין דער מיטן,
מען זאָל זיי באַשטראָפן;
אויף אַ בוים זיי געהאָנגען
ביים האַלדז מיט אַ שטריק.

און פיל פון זיי האָט מען
געשמידט גאָר אין קייטן,
צו אַרבעט, צו שווערער
האָט אורטייל באַשערט,

צו הונגער און דאָרשט,
אוממענטשלעכע ליידן,
כאָטש פיל מאָל פאַר פרייע
שוין לאַנג זיי דערקלערט...

זיי מאַסנווייז זיינען
צו מזרח געקומען,
צו אַרבעטן ערלעך,
גאַנץ ווילִיק און גרייט;
מען האָט זיי ניט אָבער
באַגעגנט מיט בלומען;
מען האָט באַלד זיי אין רייען
באַזונדער צעשיידט.

די ליפּן, די פולע,
דאָס פינטל אין אויגן,
דעם טונקעלן פּנים,
די מורא דערקענט...
און באַלד מ׳האָט באַשלאָסן:
זיי וועלן ניט טויגן.
און ביליק די שוואַרצע
געוואָרן די הענט...

* * *

זיי האָבן געלעבט
אין די הינטערשטע געסלעך.
געוועזן איז וואו שאָטן,
און טונקל און נאַס.

דערהאַלטן דאָס לעבן
מיט אַפּאַל פֿון פּעסלעך,
וואָס געשטעלט איז געוואָרן
אַרויס אויף דער גאַס.

די הייזער געוועזן
איינגעהויקערט און אַלטע.
פאַרפּוילט די ווענט
פֿון דער ברייט און דער לענג.
גאַנץ הייס אין דעם זומער,
אין ווינטער גאַנץ קאַלטע.
די צימערן — לעבער
געווען זיינען ענג.

און דאָך, ווען אפילו
ס'האָט טיף וואו געזונקען,
אין שכנישן צימער,
אין טויטקייט אַ מת...
זיי האָבן אַזוי ווילד
געטאַנצט און געשפּרונגען
צו ברויזנדע טענער
פֿון ציטיקן „דזשעז".

און אָפט מאָל, ביינאַכט, האָט
דאָס האַרץ ווי צעריסן
אַ קווייטש פֿון אַ מוטער,
אין איר ציטער־געוויין.
דאָס לייב פֿון איר קינד
האָט אַ ראַץ דאָ צעביסן,

די וואונדן דערציילן
ווי שאַרף זיינען ציין.

עס זיינען אַלץ נידער
געפאַלן געמיטער,
און טונקל געווען
דער אַרום איבעראַל.
די לופט אין די לונגען
געווען אַזוי ביטער,
געווען ווי אַ בלאַטער
צעיאַטערט די גאַל.

עס האָט אונטער ערד,
מיט פאַרדומפּענעם ברומען,
זיך ווילדע, באַדייטנדע
קלאַנגען דערהערט.
געפילט האָט אין לופט זיך
אַ שטורעם גייט קומען;
געציטערט מיט קראַמפּן
די פלאַך פון דער ערד.

עס האָבן זיך פּלוצלונג
געעפנט די לעכער;
געשמאָלצענער בראַנד ווי
פאַרפלייצט האָט די גאַס.
דורך טירן, דורך פענצטער,
און אויך אויף די דעכער,
געשטופּט זיך מיט אימפּעט
האָט ברענענדער האַס.

אַ קראַפט האָט באַוועגט זיך,
גאָר נישט איינצוצוימען;
אַ גאָר אומבאַזיגבאַרע,
שטורמישע קראַפט.
אויף די ליפּן די פינע
געהאַלטן האָט אין שוימען,
דער שוויים אויף שטערן —
אַ ברויזנדער זאַפט...

ס'האָט בלוט אין די אָדערן
האַסטיק געשטויסן,
די קעפּ אָנגעפילטע,
אַזוי ווי מיט לופט,
געשרייען פון מאַסן,
פאַרטויבט האָט דעם דרויסן.
געדאַכט זיך — אַ בייטש האָט
געטריבן, געשטופּט.

מיט אייגענער קראַפט,
און מיט קראַפט פונעם שכן,
מיט הילף פון אַ האַמער
און קרעכצן פון זעג,
מ'האָט טירן צעעפנט
און פענצטער געבראָכן.
די ווענט ניט געקענט זיי
פאַרשטעלן דעם וועג.

מיט הונגער פון וועלף,
זיי באַפאַלן די קלייטן.

די ברויטן און פליישן,
און קליידער מען כאפט.
מען לויפט און מען יאגט נאך
איינער דעם צווייטן,
און גרענעצן אלע
עס ווערן צעקלאפט . . .

עס איז צום פארטויבן
דער רעש און געפילדער.
מען רויבט און מען פלינדערט
ביז ליידיק די ווענט.
די מאסן, ווי כוואליעס,
זיי ווערן אלץ ווילדער:
מען רייבט אן א שוועבל —
עס פלאקערט . . . עס ברענט . . .

עס ברענט ווי א פייער
דער מיט פון דעם הימל;
עס שוועבט אזוי רואיק
א שוואם פון דעם רויך.
און גרויזאמער, שטארקער,
עס שטורעמט דער טומל,
און ווילד קוקן אויגן
ארויף צו דער הויך.

* * *

נאר ווייטער, גאנץ ווייט גאר
מיט גאסן פון דאנען,

אין שטאָט אין דער גרויסער,
מיט גאַסן אַוועק,
די מיטוואויינער זיינען
אין אַנגסטן געשטאַנען,
ווי בלעטער אויףביימער,
געציטערט פון שרעק...

און אויבעט די פירער —
די שטאָטישע טאַטעס,
פאַרזאַמלט זיך האָבן,
און חקירות געפירט
מיט זייער פיל צווייפל
און זינלאָזע פראַגעס:
„פאַרוואָס"? און „פאַרוועןְ"?
און די ענטפערס געזוכט.

* * *

די זון אין פרימאָרגן,
דורך וואָלקנס געדיכטע,
די גאַסן — צעשטערטע,
האָט קוים ווי באַטראַכט.
געווים וועט אין בלעטער
פון מענטשן־געשיכטע,
מיט אותיות גאַנץ שאַרפע,
פאַרקריצט זיין די נאַכט...